BIBLIOGRAFIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

**YIDDISH DRAMA AT YIVO LIBRARY**

Master negative Storage Number Y-2002- 1821.3

Goldfaden, Abraham, 1840-1908. Dos Yudeli : zeyer sheynu lider un reyn Yudisher shprakhe ... / [A. Goldenfodim]. Varying form of title:Lieder. Lemberg : Ferlag fon Hirsh Shlog, 1906. 93 p. ; 13 cm. /15519a; NXYH00-B2898

MICROFILMED BY

THE YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

NEW YORK, NY

| | |
|---|---|
| Film Size: | 35 mm microfilm |
| Image Placemement | IIA |
| Reduction Ratio | 10X |
| Date Filming Began: | 08/19/02 |

GOLDFADEN, ABRAHAM

DOS YUDELI

LEMBERG: 1906

93 p.

# דאס יודעלי

זייער שיינע לידער אונ ריין יודישער שפראכע. אוסער דעם פערגניגען וואס מען האט פון זייא שמעקט אונ זייא אויך זייער פיל מוסר אונ פוהל בעלעהרונג:

לעמבערג

איינגענטהום אונד פערלאג פאן הירש שלאג בוכהענדלער לעמבערג.

בשנת תרס"ו לפ"ק

LIEDER

Eigenthum und Verlag des Hersch Schlag.



Lemberg, Druck von F. Bednarski 1906

# הַלְלוּיָה

א

מוּר דַארְפוּן דַאנְקוּן אוּנ לוּבּוּן
אוּנְזֶער גָאט יֶעדוּר רֶגַע
וָוס עֶר הָט אוּנְז דֶער הוּבּוּן
צוּ אַזֶעלוּכֶער מַדְרֵיגָה
אוּנ הָט אוּנְז גוּשֶׁענְקְט דוּ מַתָּנָה
צוּ קֶעגוּן אוּם אַלֵיין
דֶעם שֵׂכֶל מוּט דֶר כַּוָונָה
זַיינוּ גְרוּסוּ דְרָכִים צוּ פַר שְׁטֵיין

ב

עֶר אוּז אַדָאקְטֶער אַגֶעגוּטֶער
צוּ אַלוּ קְרַאנְקוּ קְרֶעכְצֶער
צוּ צוּבְּרָאכוּנֶע גֶעמוּהְטֶער
אוּנ צוּ אַלוּ שְׁוֶוערוּ הֶערְצֶער
דוּ חֲסִידִים זֶענוּן זַיינוּ פּוּלְעֶן
זַיין מוּסְטֶער אוּז דוּ יְשׁוּעָה
נֶעמְט מֶען נָאר אַלֶעפּוּל אַפּוּלֶען
וֶוערְט מֶען שׁוּן בְּקוּ הַבְּרִיאָה

ג

עֶר אוּז דֶר גְרֶעסְטֶער אָסְטְרָאנָאם
פוּן אַלוּ גְרֶעסְטוּ גוּבְּלוּבֶּן
דֶער הוּמֶעל אוּז זַיין דוּפְּלָאם



מוּט דוּ שְׁטֶערוּן אָן גוּשְׁרוּבּוּן
בַּיי אוּם שְׁטֵייעֶן אוּנ זַיין רֵייסְטֶר
פַר צֵייכוּנְט דוּא קָאמֶעטֶען
אוּנ אוּךְ נֶעמוּן וֵוייסְט עֶר
צוּ גֶעבּוּן אַלוּ פְּרַאנֶעטֶען

ד

חָכְמָה אוּז בַּיי אוּם דָא פוּהְל
אוּנ אוּז שְׁטַארְק אוּנ כֹּחַ
דֶער הוּמֶעל אוּז זַיין שְׁטוּעֶל
אוּנ ווִי עֶר זוּצְט זוּךְ הוּךְ
קוּקְט עֶר אַרָאפּ אֲפִילוּ
צוּ דֶעם אָרוּמְסְטֶען בּוּדְנְיַאק
אוּנ פַר נֶעמְט אוּךְ זַיין תְּפִלָּה
וֶוען עֶר וֵויינְט צוּ אוּם גְשְׁמַאק

ה

זוּנְגְט אוּם זוּנְגְט אוּם לוּז עֶר
זֶעהְט וָוס עֶר קֶען טָאן
הֶערְט וָוס פַר אַגֶערוּדֶער
עֶר מַאכְט פְּלוּצְלוּנג אָן
עֶר זֶעהְט דוּ עֶרְד דוּ דַארֶע
אוּם גְטְרוּקוּנְט פַר הוּץ
גֶעךְ שׁוּקְט עֶר אָן אַחְמַארֶע

און שוסט אום מוט דעם בלוץ

ו

באלד גוט אקראך דער דונער
שון גוט אקלאפ דער רעגון
און קוקט אבארג אגרונגער
קוקט אום שון אנטקעגון
פר ווס פרעגט אור אקשיא
מאכט ער אלץ אן דאם
דו בהמות דארפון פאשו
און דו שעפעלוך דם גראז

ז

און דם פינגערו דם מוזערנע
ברייבט אוך נוט אום גשמערט
עם גופונט זוך שון אור זערנו
דארט אוף דעם ווייטון פעלד
מוט ברוט פערזארגט ער יעדון
ער הט נך קיינום נט פר פעלט
נא קאן אמענש נאך רעדון
אז אום הט ער גאר פר מיילט

ח

ווס זשע מענש וויל ער פון דור
אקליינוקייט חלעבון
האפט צו מו- גאר צו מור
הענט און האריז אוף הייבון



דו זאלסט נוט זוכון קיין אנדער מוטעל
דוא מעגסט ליינון אוך מיין סטמאט
ווארון בטחון אוז מיין קוויטעל
און אוך חתמו מוך דארט מאכו גאט

ט

ער פרובט נאר צו געבון אקליינום הוסט
שוט זוך אום אשניי אוואסור
מוט ער נאר אקליינום פוססט
צו גייט ער אזו ווי וואסור
און דאם זענון דען קארגו ווינדער
ווס ער האט גוויזון אונ מצרים
אוז דם דען נוט יודושע קונדר
נסים מן השמים

י

און אופון בארג סיני דו פייערדוגו ברוצען
דוא קולות גאר א מורא
ווען ער פרעגט מוט זיי קרוצען
דוא אותיות פון דער תורה
און הט זו אונז גשענקט נוט קיינום
אנדערו האבון נוט גוהאט דו זכיה
דאמור זונגען יודון און איינום
דאמור זונגען הללויה :

ענדע

# דאס יודעל

א

דאס יודול דאס יודול
דו קענסט אום צו גיין
גוב אום אפ כבוד
אונ האלט אום נוט קליין

ב

פון איין קליינער אומה
קומט ער ארום
אונ וויא דוא וועגדסט זוך
וואקסט ער דור אום
זוכסט אום אונ מזרח
דארט וואגט ער לאנג שון
פארסטו קיין מערב
דוא טרעפסט דו דעם פארשון
דאס יודול . . .

ג

לאז דוך קיין צפון
ער אוז דא אופון אורט
קומסטו קיין דרום
דער טאפסט אום אוך דארט
שוף זוך אוף דעם ים
ער קומט דור אקעגון



פאר בראנזע אונ דר מדבר
ער פארט אוף דו וועגון
דם יודול . .

ג

פרוב פלוה אונ דר הייך
אוב ער פלוהט נוט נאך דור
קרוך אונ דער טוף
ער אוז שון דא פרור
דעם דלות פר אחבר
שטייט אום אוך אן
אונ גייא נאר אונ פאלוץ
ער טאנצט דארט אונ קאהן
דם יודול . .

ד

מוטשע אום נעם אום
דו כוחות ארום
ער לעבט מוט בטחון
אונ שטייט דם אלץ אום
אט מיינסטו דוא טוסט אום
ער אוז שון פר ביי
ער גוט זוך נאר איין דרייה
אונ אוז שון גאנץ פרייא
דם יודול . .

ה

בֶּעראַבִּיוֶוע זַיין כָּבוד
עֶר אוז דָא בַּיי אום פָּארְט
גוּבּ אום ֵקיין רֶעכְט
עֶר דֶער שְׁלָאגְט זוךְ צום אורְט
עֶר מַאכְט גָאר ֵקיין לְיַארום
ֵקיין גֶעפוּלֶדד ֵקיין גְרום
עֶר בַּייגְט זוךְ עֶר קְנֵייטְשְׁט זוךְ
און דְרֵייט זוךְ פָּארְט אום
דָם יודול . .

ו

בַּייא אום כְּלֵי זַיין
הָאבּון ֵקיין וֶוערְט
זַיין פַּאנְצוּר אוז בִּטָּחון
אֶמונָה זַיין שְׁוֶוערְד
זַיין הולְף און אֵיין נויט
אוז און דֶעם גְוֶוענְד
עֶר דַארְף גָאר צו גָאט
אַהֵייבּ טון דו הֶענְד
דָם יודול . .

ז

דו אֶמונָה רֶעט אום אֵייז
דו וַוארְט אופון סוף
וְוי בּוטול אופון וַואכור



קוּמְט דֶער אמת אַרוּף
דו זַייא בַּיי זוךְ שְׁטַארְק
פְרֵייליךְ בֶּעהַארְצְט
גָאט וֶועט דור בַּצָאלון
אובּ דו וֶוערְסְט פַר שְׁוַוארְצְט
דָם יודול דָם יודול . . .

ענדע

# דער יחום שידוך

## דִיא תְּנָאִים

וְאֵרַשְׂתִּיךְ לִי לְעוֹלָם (הושע כ כא)

אַז דֶעם יָתוֹמיל ישׂראלקין אוז גְוֶוען נָאךְ שְׁלֶעכְט און דוא צָרות הָט עֶר נוט גוֶקענְט פַר טְרָאגון זַיין פונְסְטור מַזָל אוז גְוָוארון פַר רֶעכְט דָם גְלֶעקְול פון זַיין גְלוק הָט שון גוּשְׁלָאגון מוּהָאט אום פָּאר גוּשְׁלָאגון אַשִׁידוּךְ אופון אורְט אַיחוּם אַרַייכון הָאמְשׁוּ עֶר אוז גְוֶוען גומֵיין מַאקוּ און מצרים אוז גְוֶועזון דָאם וָוארְט און אוף דֶעם בַּארְג סיני אוז דָאם קְנַאסְמָאל גְוֶוען אַכַּלָּה אֵיין אַנְטוּק רֵיין שֵׁיין און וואל און אוז אָרוּנְטלוּךְ און פַיין דָם אוז בֶּעסור פון אַלְם עֶם שוּטון זוךְ פֶּערול בַּיי אור אוים דֶעם מויל און אַגוּלְדוּנוּ ֵקייט טְרָאגְט זוּ אוף דֶעם הַאלְז

דֶעק אָפּ דַיין דֶעק טוּךְ דוּ טַייעוּרוּ כַּלָה
אוּנ בַּוַוייז אוּנְז דַיין פָּנִים מוּר ווִילוּן דָס זֶעהְן
דֶר קֶענְט נָאר יוּדוּן קוּקְט אַייךְ צוּ אַלוּ
אוּז נוּט דוּ אֱמוּנָה דוּ כַּלָה גֶוֶועןן

אוּנ דֶער מדבר הָט מֶען דוּ תנאים גוּשְׁרוּבּוּן
צוּ סוּלוּקוּן דֶעם נדן הָאבּוּן דוּ צדדים נוּט גוּפְרֶעגְט
דֶער מְחוּתָּן הָט בַּאלְד דָס וָוארְט אנכי גוּגֶעבּוּן
אוּנ נעשה ונשמע הָט דֶר חתן אֵיין גוּלֵייגְט
וֶוער זֶענוּן דוּ מְחוּתָּנִים וָוס הָבּוּן גוּטַאנְצְט אוּנ מוּטוּן
אוּנ ווִי הֵייסוּן דוּ תנאים וָוס קֶען אוּנ זֵיי שְׁטֵיין
דוּ תנאים אוּז דוּ תורה. גָאט דֶר מחותן
אוּנ משה רבינו אוּז דֶר שדכן גֶוֶועןן

דוּ חתונה אוּז גוּפְּלוּבּן אוּנ מְחוּתָּנִם שְׁטָאט זָאל זַיין
אוּנ מוּהָאט זוּ אָפּ גוּלֵייגְט נָאר אוּף אַקוֹרְצוּ צַייט
אַפְּלַאטְקוּ הָט עֶר גוּלָאזְט מַאכוּן גַאנְץ פַיין
אוּנ אוּר זָאלוּן טַאנְצוּן דוּ חתונה לַייט
נָאךְ דוּ תְּנָאִים הֵייבְּט דֶר מְחוּתָּן אוּף דוּ הֶענְד
נַא דוּר חתן אמתנה אָט דֶעם מַייֶערוּן שְׁמֵיין
דֶער חתן נֶעמְט בַּטְרַאכְטוּן וָוס עֶר הָט דֶר קֶענְט
דָארְט אוּז דָס וָוארְט שבת אוּס גוּקְרוּצְט גֶוֶועןן

ענדע



# דיא חתונה

אֲנִי לְדוֹדִי וְדוֹדִי לִי

א

דֶער עוֹלָם גֵייט
זֵייעוּר צוּ שְׁפְּרֵייט
אוּנ מוּזֶעהֶט
זֵיי אַלוּ הוּפּוּן
פְרֵיילוּכוּ יוּנְגוּן
פְלֶעסְקוּן זוּנְגוּןו
טַאנְצוּן שְׁפְּרוּנְגוּן
קְלָאפּוּן טוּפּוּן
מוּפוּרְם אַרַיין מוּפוּרְט אַרַיין
מוּפוּרְט אַרַיין דֶעם חתן
פוּן גְרוֹסוּ כּוֹסוֹת טְרוּנְקְט מֶען וַויין
אוּבּוּר אַלוּ מָאסוּן

ב

דָארְט גֵייעוּן יוּדְלוּךְ
אוּנ זוּנְגוּן לוּדְלוּךְ
אוּנ שְׁפּוּלוּן אוּף פוּדְלוּךְ
אוּנ אוּף טִימְסַאנֶעם
דוּ פַייפוּן שְׁרֶעקְלוּךְ
דוּ קְלוּנְגוּן מוּט גְלֶעקְלוּךְ
דוּ קְלַאפּוּן מוּט שְׁטֶעקְלוּךְ

אויף בַּארַא בַּאנֶעם
דָם זֶענוּן דו קְוָיִם אַלוּ
וָוּם הָאבּוּן אוּנ דֶער צַייט גוּגוּלְט
אוּנ הָאבּוּן בַּיי דוּ חתן כלה
צוּ דֶער חתונה צוּ גְשְׁפּוּלְט

ג

דָארְט גֵייעוּן מַאנוּן
גוּקְלֵיידוּט אוּנ רַיינוּן
אוּנ טְרָאגוּן וַויינוּן
פוּן אַלוּרְלֵייא סָארְטוּן
אוּנ טְרָאגוּן מוּצוּן
מוּט הוֹכוּ שְׁפּוּצוּן
דוּ לַייט נוּצוּן
פַּר מַארְוֶוערְם דָארְטוּן
דָם זֶענוּן דוּ הֵיילוּגוּ כהנים גְוֶועֶן
וָואס הָאבּוּן דָארְט גוּדוּנְט בְּשָׁלוֹם
אוּנ הָאבּוּן גוּמוּזְט דוּא חתונה פַּר זֶעהְן
מוּט אַלוּרְלֵייא מַאֲכָלִים

ד

אוּנ אוּף בֶּערְג אוּנ טָאל
מוּט אֵיין מָאל
גֵייעוּן אָן אַצָאהְל
גוּשְׁפַּאנְד וֶוערְבְּלְיָאדוּן
אוּנ מוּט אַלוּרְלֵייא



גוּטוּ בַּאקֶערֵייא
זֶענוּן זֵייא
דָארְט אָן גוּרָאדוּן
חָתָן׳ם צַד. חָתָן׳ם צַד
חָתָן׳ם צַד דְרָשָׁה גוּשַׁאנְק
פוּן יֶעדֶר מְדִינָה פוּן יֶעדוּן גְרַאד
גוּבְּרַאכְט מוּט גְרוֹם גוּזַאנְג

ה

אוּנ אוּפוּן גְרוֹסוּן טַייךְ
שְׁטֵייעוּן שוּפוּן אַסַאךְ
מוּט אַלוּרְלֵייא פַּאךְ
נַארַאנְטֶערְיֶעם
פוּן אַלוּ קַאנְטוּן
גָאלְד בְּרוּלַאנְטוּן
פֶּערוּל דוּמַאנְטוּן
אוּנ זַיידוּנוּ מַאמְרִיֶעם
כַּלָה׳ם צַד. כַּלָה׳ם צַד
כַּלָה׳ם צַד. דְרָשָׁה גוּשַׁאנְק
פוּן יֶעדֶר מְדִינָה פוּן יֶעדֶן גְרַאד
גְבְּרַאכְט מוּט גְרוֹם גְזַאנְג

ו

וֶוער גֵייט אַרַיין
אַפֵיינֶער מַאן
אוּנ טְרָאגְט וַויין

אונ פור כוסות
אונ טרָגט אַבֶּעכור
אַקָארזש מוט לֶעבֶּער
אונ אוף אַזֶכֶר;
אַשוסול חֲרוסֶת
דֶער פֶּעטֶער פַּ״ישְע מַאקו פֶּסַח
גֵיימ מַאנְצון מוט דֶער כַּלָה
פון דֶער הַגָדָה שְפּולְט אום דֶעם נוסַח
פְּלֶיעסְקוט פְּלֶיעסְקוט אַלו

ז

וֶוער גֵיימ יֶעצְט מַאנְצון
אופון קָאפּ קְרַאנְצון
מוט שֵיינו פְּלַאנְצון
פְּרושֶע גְרונֶע
אונ אוז גוגַאנְגון
מוט פּולֶע זַאנְגון
פון אַפֶּעטור מְדִינָה
דֶר פֶּעטער שְבועות גֵיימ אַצונְד
מַאנְצון אוז גְרוס נֶחָמות
אַנַייֶעם וִויוַואט שְפּולְט גְשְוִוינְד
דֶעם ניסח פון אַקְדָמות

ח

שַאט נָאר שַאט
אַוֶועק אונ אַזַיימ



אָט גֵייֶען צְוֵויי לַייט
מְחותָּנִים פֵיינו
אונ טְרָאגון אונ אֵיינום
דֶער אַלוּלָב אַקְלֵיינום
דֶער אֵיין אֶתְרוג אַשֵיינום
מוט אֵיין הושַעְנָא
סוכות מוט הושַעְנָא רַבָּה
קומון מַאנְצון זוך אַצונְד
אַנַייֶעם וִויוַואט שְפּולְט דֶם נַבָּאַי
דֶעם נוסַח פון גֶשֶם וְנָא גְשְוִוינְד

ט

אַזוי הָט מֶען פָאר גובְּרַאכְט
טָאג אונ נַאכְט
אונ גְרוס פְּרַאכְט
אונ אִין גְרוס פְרֵיידון
מְלופְּט מְטוּהָט
נושְט גורוּהָט
עֶס קָאכְט עֶס זוּהָט
דו אַרְבֵּייט בַּיי יֶעדון
דֶם נַייֶע פָארול פַּר זָארְגון מוט קֶעסְט
בּומול אונ פֶּעסור וַויין אונ עֶמֶער
אַלז טַייעורו פֵּירות מורַייסְט מוּעֶסְט
מוקולוט עופות שָאף אונ לֶעמור

ו

דער איידום דער נייעור
ער לעבט שון פרייעור
אונ קיין זאך איז טייעור
פר זיין השגחה
ער פלעגט נאר זאגון
הט מען שון צו גוטראגון
אונ ווער פלעגט פר מאגון
זיין הנהגה
אט ווער הט זוך אוף אום אזונס גורעכט
ווער קען אום גאר אצונד דר קענון
עס איז דאס יתומול ישראליק עס איז פררערם קנעכט
נאמנות וויא וויר יודון זענון :ו:
ענדע

# אראפ פין קעסט

ויִשמע ישורון ויבעט (דברים לב)

גאר געך הט דר איידום אונ מחותן פר געסון
ער האט פאר געסון אלדונג ווס עס איז געוועז
ער קערט הבון זוך אום שון אוך צו גוגעסון
אונ הט איין אום חן גוואורפון אופון ווייבול אליין
זיין אנדור מיידול הט אום דעם קאפ פאר דרייט
זו הט ער גולובט גאר איינס אונ דר וועלט
דו עבודה זרה איז דם ארום אור הט ער זוך גודרייט



אונ הט דעם ווייבם מאיאנטוק אוף אור אום גשטעלט

אדא הט דעם מחותן גאנץ גוט פר דראסון:
אונ הט זוך גורעטעוט אום צו געבון אפסק
זיין צארוז האט ער אוף אים אום גוגאסון
אונ הט זוך אמאל צו בייזערט אוף אום גאנץ גושמאק
ארום עזות פנים ארום פון מיין הויז
דוא עזות פנים בוסט גוואורון שוין זייעור פעט
דיין קוואטור זאל זיין דר גלות דארט וואלגור דוך אום
בוז דו וועסט חרטה האבון אוף דיין שלעכטון חטא

אוך וואלט מוט דור אנדערש גוקענט מיין נשמה
נאר אוך האב מורא פר דעם שונא׳ם צונג
ער וועט זוך זאגון הא אוך האב איין נקמה
ווס הט ער דעמולט דר זעהן אוף דעם אפ גורוסונום יונג
אוך האב מוך אבור אונ יחוס גושטרייכט
דיינו עלטרון האב אוך גולובט אונ גושעצט
דוא עלטערון זענון דו אבות זיי האב אוך גואכט
אונ דיין שדכן הט אוך פר דור גובעטון צו לעצט

היינט האב אוך אוף דור אליין אוך רחמנות
אונ גוב דור מוט דיין ווייב אויך אצונד
זוא וועט שון רעגון אום שטיין דיין עקשנות
אונ אור זכות וועסטו לעבון ווארון זו איז מיין קונד
נאר אונ דר פרמד זכסטו נוט וואגון אוך וועל אהיים געך

אוף וועל אליין שוקון מיינו שמשים נאך דור
דו שמשתע אוז דו גאולה דר שמש אוז משיח
זיי וועלון דוך אהיים ברענגון אוף דעם אורט וום פרור:
ענדע

# דער פייל אין בוגין

## אים ל״ג בעומר

א

פול מענשון זאגון אז עם אוז זייעור מיאוס
פר וואס דער יוד האט מורא פאר אשוס
ער אוז גאר נוט לעבודוג ער אוז נאך גאר רויא
ער שרעקט זוך אונ צוטורט אז ער דר הערט אפו

ב

מוט אהולצערנו פייל אונ מוט אהולצערנעם בוגון
מוט דעם קען ער שוסען דער צו קען ער טוגון
ער אוז נאר אבריה צו שוסון אפלוי
אונ דם אוז ל״ג בעומר גולט נאר זיין פוי

ג

עם אוז דאך פשוט איין חרפה ווי קען מען נוט דאס
אמאל דארף מען אפיינד אשנאל טון אונ דו נאז
אמאל דארף מען דער שוסון אפוגול נאר אזו
אמאל דארף מען זוך ראטיווען ווען דורך אפוי

ד

דער יוד קען אויך שוסען אור מעגט מור גלייבון



נאר ביי אום אוז שטענדוג מייעור דם לעבון
שוסון זוך אודור יענום הייסט ביי אום לא
אבור ווייטור קען ער אויך גאנץ גוט מאכון פוי

ה

ביי אום אוז אוך געוען גבורים אמאל
מאקו שמארקו יונגאטשעם אוז גאר אן אצאל
פר זייעורו פיילען אוז מען גופאלון ווי שטרויא
ווי גוט זיי האבון אמאל גוקענט מאכון פוי

ו

דער יוד שוסט ווען טודארף אשטייגער אונ אמלחמה
דונון טרייא זייעור קייזער שטרעקון זייעור נשמה
אונ ווי פול יודושע קונדור זענון אונ קרוג גופאלון
אונ צו ווימון עמוצור וויל גאר זיין אבאלון
לאז ער ציילון צו דו מאמום אוטלוכם אוי
אונ דארט אוף דו מצבות דעם אמתין פוי:
ענדע

# דאס פינטעלע יוד

ערהעבע דיך רחל אוים ד״ר וויסטע. ערהעבע דיך אונד
וויינע ניכט מעהר: ניכט מעהר ברויכטע דיינער איינזאמען
טאלמע זאט פאן דיינען קומער צו פערבערגען דער הער
האט געשטיללט דער ווימווע טהרענע: זיי געטרעסטעט.
דיינו קינדער לעבען ווידער:

אוך האב דוך לוב מיין פאלק דו מייעורו אומה

דו שְׁטַארְקוּ דו שֵׁיינוּ. דו פַיינוּ. דו פְרוּמוּ
אוּךְ הָאבּ לוּבּ דַיין אֱמוּנָה דַיין הֵיילוּגוּ תּוֹרה
נָאךְ אוּנ וְויגוּל הָבּ אוּךְגוּהֶערְט דָם אוּז דוּ בֶּעסְטוּ סחוֹרה
אוּךְ הָאבּ לוּבּ דַיין נָאמוּן וְויא מֶען גוּט אוּם אַדְרֵייא
צוּ ישׂראל. צוּ יִזְרְעֶאל. צוּ עִבְרִי. צוּ יַעְבְרֵייא
צוּ יַעֲקב. צוּ יַאקָאבּ. צוּ יוּדֶע. צוּ יוּד
אוּךְ הָאבּ דוּךְ לוּבּ אֲפִילוּ פַיים נָאמוּן זְשׁוּד

זְשׁוּד וָום אוּר זְשׁוּד וָום יוּד אַרְץ אֵיינְם
יוּד וָום אוּז יוּד אֵיין אוּמֶערְע אַקְלֵיינֶעם
אַקְלֵיינֶעם אוּנ אוּמְלוּכֶן גְרוּם אוּנ דוּ אוּגוּן
אַגֶעמֵיינְם אוּנ אוּף גְנַאכְד אוּנ זוּלְבֶּר עֶרְצוּגֶן
אַדֶערְשְׁלַאגוּנֶעם אוּנ שְׁלָאגְט זוּךְ צוּ אַלוּמוּן צוּ
אַפַארְוָוארְפוּנוּם אוּנ אוּמוּדוּם גוּפוּנְט עֶר זַיין רוּה
אוּנ דֶר פְרֶמְד אֵיין גְבֶּעטֶן אוּנ בֶּעט קֵיין גֶעלְד בַּיי קֵיינֶם
זְשׁוּד אָט הָאסְטוּ דֶעם פַרְשׁוּן דֶעם שֵׁיינוּם

אוּךְ הָאבּ דוּךְ לוּבּ אֲפִילוּ אַז מֶען רוּפְט דוּךְ זְשִׁידְיָאנְק
אַז מֶען רוּפְט דוּךְ קָאבְּלֶעפוּל אוּדוּר פָּארְאנוּק
אַז אוּמוּדוּם בּוּסְטוּ פוּל עֶם קָאבְט מוּט דוּר דוּ וֶועלְט
אַז אוּמוּדוּם בּוּסְטוּ שְׁטַארְק פֶערְשְׁטֶעקְט מוּט דַיין גֶעלְד
אוּנ בַּיי וֶועמוּן טַאקוּ בַּיי גְרוּסוּ מְלָכִים
אוּנ מוּשְׁט זוּךְ אוּנ זֵייעוּרוּ גוּשֶׁעפְטוּן פַר רְוָחִים
אוּנ קוּקְט אוּם אָן אוּנ גַאנְצוּן צוּ אוּז עֶר וֶועלְט אַדְרֵייעֶר
אַיי סְאִיז אַזְשִׁידְיָאנָאק סְאִיז אַבְּרֶעגֶן סְאִיז אַפֵייעֶר



עֶר אוּז פָארְט אַמְיוּחָס גֵיי מַאךְ מוּט דֶעם עֶפוּס
וֶועסְט נָאךְ חַאפוּן אַקְלַאפּ אָט פְרוּבּ נָאר זַייטְשֶׁעפֶּעט
אָט זֶעה אוּז דֶען דָא אֵיינוּר פוּן עמלק פוּן בבל
אַזֶכֶר פוּן זֵיי גוּפוּנְט מֶען גְקְרוּצְט אוּפוּן טָאבּוּל
הַכְּלַל וֶוער עֶם הָט אוּם גוּטְשֶׁעפוּט הָט אוּם גוּשַׁאדֶעט
זַיין הֶערְלוּךְ אוּם קִימוּגוּשׁ הָט עֶר גוּהַאט
וָוארוּן זַיין טַאטֶע זָאגְט עֶר אוּז וְבַייא מוּר אֵיינֶער
פַר מַיין יַעֲקְלִין וֶועל אוּךְ בְּרֶעכוּן דוּ בֵּיינוּר

וָום הֵייסְט אֵיינוּר וְוי זֶענוּן מוּר
וֶועלוּן אַנְדֶערוּ פְרֶעגוּן בַּיי דוּר
דָם מֶעגְסְטוּ זֵיי עֶנְפֶרוּן גָאר אָן לִיצָנוּת
וְוייסְט אוּר זַייט בַּיי אוּנְז וּז דָא סַבְּלָנוּת
אַיָא מוּזָאל אַייךְ הֵייסוּן אוּנ רְצוּעוֹת אֵיינְשְׁפַּאנוּן
אוֹדוּר אוּם יוֹם כִּפּוּר דָם הֶערְצוּל אוּבּוּר חְרַאנוּן
אִיר וָואלְט בַּאלְד גוּשְׁרוּגוּן נֵיין נֵיין לא לָנוּ
שְׁרַייא זְשֶׁע יַעֲנְקֶעלֶע מוּט חשק אתה בחרתנו

עֶר אוּז פָארְט אַמְיוּחָס אוּף דֶר גַאנְצוּר עֶרְד
וְוידוּן עֶר קוּמְט וואנְט עֶר שֵׁיין אוּנ הָט זַיין וֶוערְט
נָאר דוּ יוּד רֶעטְסְט זוּךְ אֵיין עֶם אוּז אוּנ גַאנְצֶן דַיינְם
דוּ עֶרְד אוּז מַיין טַאטֶענְם וְוי אוּךְ וואן אוּז מַיינְם
נֵיין אוּהֶם הָאט עֶר גוּשֶׁענְקְט אַלַאנְד וָום פְלוּסְט מוּלֶעךְ
אוּנ הָאנוּק
נָאר עֶר הָט עֶם פַרְזוּנְדוּגְט דֶער פַארְשַׁייטֶער זְשִׁידְאָנֶעק
אַז דַיין טַאטֶע הָט אוּם פוּן דֶר הֵיים אַרוּם גְטְרוּבֶּען

הט ער אום איוחם ברובעל מוט גוגעבון
נאר ביים אלטן ר' משהן אונ דרום איז דם גדרוקט געוען
אז דו אומות האבון עס בטרכט הט עס גוהאט ביי זיי חן
נאר ביי אום וועלון זיי עס נעמון. מוט פולו כוחות
ער הט עס בהאלטון אונ הט עס. אונ איז ווייטר אמיוחם

וום איז דם פר אניים וום איז דם פר אזאך
וום ליינט אור דם אומות אונ דריי הונדרט שפראך
פון וום לעקט אור דו פונגור אונ שרייט עס איז א חידוש
עס הט אראכט מור אפנים ווי אחימושול איודוש
עס איז דו עבראישו בובעל וום מאכסטו אזא יאריד
הא הא עברעאיש יעברעי. יא אבו נוט זשוד

ווי הייסט דר יאריסט וום הט אונז גוגעבון דו זאקאנעם
וום אנדערו רופון זייא זשידיוויסהע זאבאבאנעם
זאבאבאנעם יוא גשריגון מוט פול יארון צורוק
אונ זענון גאך אונ הײנטוגור וועלט דר גרעסטור אנטוק
ווי הייסט דר וום הט אונז גומאכט דם טייערון רעצעפט
אונ וום אור הט שון צו אייך פערשלעפט
דם תהילימעל וום דר קוויקט דו נשמה יעדום גלוד
מאויסעיז דויד אזו אבו נוט זשוד
וועלכו דאקטורים פלעגון זוך דרייאן ביים קייזר אונ הוף
וום פר אמיניסטער געלד אום זיין געלד צון אויף:
ווער איז דר גרעסטור מוזיקאנט ארטראנם אונ זיין לאנד
וועמון דאנקט אקייסער בייא וועמון נעמט ער דו האנד



ווער אנטלייט מיליאנען געלד דר קרון
זאגט מור אור קענט דעם דאזוגון פארשון
ייעמא יעבררא נא טשטא זאגסטור
ווייטער יעבררא נא אבו חאמש נוט זשוד

ער דר טאפט נך זיינו גרוסו גרעסטו חכמים ביים קנעפל
ער פר דרייט זיי אלו מוט זיין גמרא דם קעפול
דו גרעסטו חשבונות איז ביי דעם קעפול גרונגור
ער גוט זוך ארעכון אוף זיינו צעהן פונגער

זיין מספר הייסט ביי אום ק"ן רי"ש שי"ן
אונ דער נאך פלוהט ארום ארעכון מאשון
דר טעלגראפוסט שטעלט ער אוך ווי צו קלאפון אטהן
אונ דם דייטש שול מוז אום ענפורון נוט גיט סעזאן

בוסט אפייזיונגלו יעקלו עס קומט דור אקנופ אונ בעקעל
מען קען דוך שון נוט פר קופון אונ אזעקול
דיין מאטו הט שון מוט דור קיין דאגות אונ דר פרעמד
קענסט דור שוין פר דונון אויף ברויט אונ אוף אהעמד
צווישון פריצים בוסטו אוך אגאנץ גרוסור פרוץ
צווישון חכמים בוסטו אוך נוט קיין עם הארץ
צווישון גלייכו דעות איז דיינו אוך נוט דו קרומע
אוך האב דוך לוב מיין פאלק דו טייערו אומה
אח וועה דו שעפלו זונט דו האסט דיין פסטוך פר לורון
יעדור הט דיין מולוך גטרונקון דיין וואל גושורון
נוט איין מאל הט מען דוך פסח גבראכט פר איין קרבן

נוט איין מאל הט מען דוך גוקולוט נוט איין מאל בוסטו
גושטארבון

חד גדיא דר מאטע הט דוך גוקופט אצוקעלו
האבונם דו קונדר צו חאפט דר אשטוקולו דר אשטוקל
זיי וואלטון דוך גוועז דר שלונגון אזו מניה וביה
ווען דר מאטו זאל נוט גוועז אן שרייאון אוף זיי
עם זאל היינט איינר פון דיינו אלטו בעלפערם אוףשטיין
וום דו פלעגסט יונגערהייט צו זיי אונ חדר ארײן גיין
ווס פלעגון דוך קאטעווין. דור ברעכון דו ביינער
אז אתליין ווי נבוכדנצר אודור פון דעם איינור
אודר וום פלעגונדור שטריימעך אן טון שטעלן אונ קונע
וואלטון זיי איין גונומון ווייטור אמיתה משונה
זיי זאלון זעהן אז דו לעבסט וואלטון זיי חלומות אום
גובטעלט

אונ וואלטון צוא דור אזו מוט דעם קאפ צו גושאקולט

קאפ ישראליק צו דיין קאפ צו בוסטו דאם
דו לעבסט נאך צו מור זענון בלונד גווארון דם
ווי האסטו זוך אהער גונומון דו שראק דו צרה
תמיטש מור האבון גומיינט אז דו בוסט שון דו כפרה
קארג האבון מור דור גומאכט דו פגורה
היינט בעטראכט נאר אזא רייכקייט אזא גבורה

ווי שטארק מור זענון גוועז. נא אוז גוועזן צו גליבון
אז אזא נושט זאל אונז אובער לעבון



אט נבוכדנצר'ן דאכט זוך עם אוז אוך אקאזיק
עם הייסט מור אוך געמותטער הייסט אוך אמזיק
עם הייסט אוך גצפט בלוט עם אוז אשטך מוט אשפולקו
עם הייסט גושונדון דוא הוט עם אוז נאר גומכט אגולקע
מען פלעגט אן עכוב זו צוהן מוט אייזערנו גראבלעם
דו קראצערם האבון זיי צוקראצט מוט שרפו סאבליעם
קארג הט מען זוך אונ אום נוקם גוועז
אונ יודושע קונדערם בלוט בוז אונ האלז ארײן געהן
עפון אוף דיין איסטאריע יוד אונ פרוב ליינון
יעדור שורה וועסטו בקלאגון אוטלוכם בלעטור בוויינון
וועסט זעהן לענדור וום זענון פול פון טוטו יודון
וועסט זעהן מאכון מוט בלוט פון גוקולוטו יודון
וועסט זעהן פעלדור זענון פול מוט צוטרעטונו יודון
וועסט זעהן וועלדור דם אוז ביינור פון צושנוטונו יודון
וועסט זעהן שטיינור דם אוז שרבונום פון דר שלגונו יודון
וועסט זעהן אפארן דם אוז אש פון פר ברענטו יודון!
אונ דיין מייעורו אמונה האסטו נוט פר בוטון פר קיינום
אונ דער וועלט

אכפרה לעבון. כבוד. אכפרה געלד
טוזונדור יודון האבון גולאזט זייעור גוט פר פאלון
אונ פר הונגור ווי דו סנאפים זענון זיי אום גופאלון
אטייל הט מען גוברענט גושונדון דו הויט
אבור בייט דיין אמונה אבור נעם דעם טוט
דו האסט אבור גזגט בשעת ארום דור הט גוברענט פייער

גאט אוז מיין נשמה דו אמונה אוז מור טייעור
יא זוא אוז דו גוטרייע מוטור וום הט מוט רחמנות
דוך אום גוהאלטון צווישון דו גרעסטו סכנות
זוא אוז דם וום האלט דוך יעצט אוף דער וועלט
זוא הט דוך פר אמענש גומכט אונ אוף דו פוס גשטעלט
זו אוז דער שטארקור קנופ דו אייזערנו קייט
וום האלט אונז אונ איינום ווי מור זענון צו שפרייט
ווי אונזר פונסטור מזל הט אונז פר ווארפון
אונ מזרה אונ מערב אונ דרום אונ צפון
אונ וום אוז שלעכט אז דו הייסט מור עסון כשורם אונ
עם אוז מאכו רייניר

אונ אז דר קצב וועגט מור צו עטלוכו ביינור
יאקאש לעבון מור נאך יודון בוז אצונד
אונ מען אוז נוזונד אונ מולעבט אונ מען
אוז גוזונד

אונ וום אוז דען שבת אזו שלעכט מען גייט א גוטאן
אנאנצו וואך דר יוד טומשעט זוך אן
ער הארוועט אונ פראציוועט מוט גרום מוה
פר וום אום שבת הט ער פארט דענסמאל זיין רוה
דער יוד דער וואלור יונג ער פוצט זוך שיין אוים
אונ גייט זוך פרייטוג קעגון דער כלה ארוים
אטייערו מתנה פון דעם לובון גאט
לאמור זעהן אז יודון וויא פול ער האט
אהאלץ העקור אשמאטנוק ווי ארום זיי זענון



גייט אריין צו זיי שבת צו וועט אור זיי דר קענון
ווי זו הט זיי פר זארגט מוט לוכט קדוש אונ חלה
צו פר מאגון אנדורו אזא טייעורו כלה
היינט ווי פול אומות האבון זוך גומומשוט אלו
ער זאל זעהן אפ צו לאזון דעם שידוך מוט דר כלה
ער הט זוך אבור גולאזט שמייסון אונ בייסון
אונ ער זאגט תנאים טאר מען ביי אונז נוט צו רייסון
שפעט פון מור וייל אוך טוא מה יפית זונגון
קרומט זוך מור נאך הייסט מור אונ באד אריין קלונגון
מור הערון אייך אלו ווי דו אלטו שקראבום
מור גופעלון זוך פארט אגוט שבת אגוט שבת
אונ דר ראש השנה הט דען אשרעכטון אונסטראמענט
זיין קול הערט מען אוף דר גאנצור וועלט
אונ וום גופעלט אייך נוט דם הייזול פונוסלובון ר׳ סוכות
זיינו וועט זענון אונטור גושפארט מוט קאקרוזום
אונ שמחת תורה דר האליק וויפול ער הט אונ זודגוגען
אבור יודושו קונדר גופונון זוך נוט וואלגורון אונ דו גסון
טייערור יום טוב וום דו האסט אוף דר צונג וויים אוך
נושט קשה דו מעגסט דר מאנון דעם נאמון פסח
דוא מעגסט אום דר מאנון אופון אונ פריילוך
מור וואנון אונ אגוט לאנד אונטור אגוטון מלך
דער מלך מוט זיינו לייט גלייבון דם אוך נוט

אז דו דארפסט אויף פסח דם קרוסטלוכו בלוט
מוהאט דור שוין פר ענפורט דו בוסט שון ריין
מאכו יודושו קעפלוך פון דור איין
דו צרות דארף אוך דור דר מאנון זענון ניט לאנג
אונ דיינו אורון דזורפסטו נאך הערון אבוטורון קלאנג
נאך היינט הערט מען וויינודוגו ניגונים
מען מראכט אום אוף יודון נושט גושטוגונו לגונים
אונ ווי פול מוהאט דם יודון פר דם פסח גקלאפט
ווי פול בלוט מוהאט געבוך פון אום פר צאפט
הט ער פסח גוהאלטון נושט פר בוגון דם סדר
אונ הט אחד מי יודע גוזונגן כסדר
אחד מי יודע איינום ווער ווייסט
גאט ווייסון אלו אז ער הייסט
אחד מי יודע ווער קאן דם איינו
אלו קעוון דם יודושו אומהעלו דם קליינו
דם איינו האלט זוך טרייא אונ דעם איינום אונ ווערט
נוט פר פאלון

דער איינור הוט דאס איינו אונ לאזט דאס נוט פארון
ווייל דם אוז דם שיינו דם פיינו דם פרומו
אוך האב דוך לוב מיין פאלק דו טייערו אומה
היינט יעקלו איידור מור וועלון זוך צו שיידון
וואורט נאר אוך הב מוט דור נאך עפוס צו ריידון



אוך וועל דור נוט זאגון חסרונות אונ אנדערו שפראכון
כדי אנדורו זאלון האבון פון דור צו לאכון
אונ פראסט יודושון וועל אוך דור ווייזון דיינו גשעפטלך
אמת מאכו בוסט אגאנץ גרוסור מיוחס אן ווערטלוך
נאר ביי דוא אלו זאכון בוסטו מיין לובור אגרוסור נאר
זאלסט קיין פר אובול האבון אוך זאג דור אופון באר

דו פרענסט זוך דו וועלט אט ווי דו בוסט קליין
אז עם אונמעגלוך פון דור מאטו אום צו שטיין
דוא האסט אונ דור אזו חסרונות
ווס גיין נאך אובור דו גרעסטו עונות
ווער עם הערט רייסט זוך אזש ביי דו האר
אוי וויי דור לוגט שון אזו אונ דיין נאטור
פר ווס זאל צווישון יודון קיין אחדות זיין
איין יוד שלונגט דעם אנדורון ווי פוש איין

רודור פון איין טאטון זענון מור זוך אלו
ר ווס זאלון מור זוך פיינד האבון דם אוז אשאלה
ר ווס זאלון מור צווישון זוך נוט לעבון צו פרודען
ווער מאכט מער אום גלוקלוך יודון ווי יודון
אנדורו טואון אום גאר נוט קיין רעות
מען האט אום גאר פיינד פר זיין רמאות
איין יוד וואלט גערון דעם אנדורון דער שאסון

דוּ מְסוֹרָה אוּז זַיין פוּלְוֶוער זַיין בוּקְס רָאנָאמוּן
פַר וָוס פוּרְט מֶען דָארְטוּן אַיוּדוּן אוּפוּן בְּרוּטוּל
דָם הָט שוּן אַיוּדוּנֶע פַר אוּם גוּלֵייגְט אַקְגֵייטוּל
אוּנ וְוי פוּל הָט מֶען זוּךְ לוּבּ פוּן פרנסה מרחה צוּ זַיין
לֶעבּוּדוּגוּר הֵייט יֶענוּם לֵייגוּן אוּנ דֶר עֶרְד אַריין
וְוי פוּל הָט מֶען זוּךְ אַזוּ קַאלְיֶע גוּמַכְט בַּיי אַגוּשֶׁעפְּט
אוּךְ הָבּ אוּם אָן גוּמָאסְטוּן אַשְׁטְרַיימוּל עֶר אוּז גוּפְּרֶעפְּט

אַשֵיין וֶוערְטוּלֶע וָוס הֵייסְט אֵיינְס אוּנ דֶר וֶועלְט
וָוס חַאפְּט דוּךְ דֶער גוּטוּר יָאר אַזוּ פַר דֶעם גֶעלְד
וְוי גְרוֹס דוּ וֶועלְט אוּז גוּשְׁפַּאזְט פוּן גָאמְס הַאנְד
צוּ בֶּעקְלַאגְט זוּךְ אַמוּנֶדְסְטוּר אוּף שְׁלֶעכְטוּן שְׁטַאנְד
יָא עֶס אוּז פַר הַאנְדוּן פוּל וָוס הָאבּוּן צוּ בַּקְלָאגוּן
נָאר פְרֶעג וֶועסְטוּ הֶערוּן וָוס זֵיי וֶועלוּן דוּר זָאגוּן
גָאט הָט אוּנְז אוּךְ גוּגֶעבּוּן אַנַאנְץ וואלוּן בּוּסוּן
הָט מֶען אוּס פוּן אוּנְזוּר מוּיל אַרוּס גוּרוּסוּן

אַבּוּ אַקְעַרְבּוּל בּוּסְטוּ מסכים צוּ דֶער בְּלָאטוּ זוּךְ מַאלוּן
חַנְפוּנוּן אַפָּרוּץ אוּנ עֶר זָאל פוּן דוּר לַאכוּן
הַאלְטוּן דָם הוּטוּל קְלָאמוּרְשְׁט קְרָאצוּן זוּךְ אוּנ קֶעפּוּל
אוּנ זָל דוּר דְרֵייאוּן דוּ בָּארְד אוּנ מַכוּן וּפוּן אוּר אַצֶעפּוּל
דוּ קוּשְׁט אוּס דוּ הַאנְד אוּנ עֶר שְׁמוּצְט דוּךְ וְוי אַהוּנְד
פַר דַיין אַרָאפּ וַוארְפוּן זוּךְ גֶעמְט עֶר דוּר אַרוּס דָם גְזוּנְד



פַר אֵיין גְרָאשוּן לֵייזוּנְג. גֶעמְט עֶר דוּר אַרוּס דוּ מַארוּךְ
אוּנ פַר דַיין יַאסַנֶע ווִיסְלֶמַאזְשֶׁנֶע תַאפְסְטוּ זְשוּר פַּרַח

אוּךְ וֵויים נוּט וָוס בּוּסְטוּ מוּט דֶם לְיַאךְ אַזוּ פַאנִיע בְּרַאצִי
וָוס אוּז בַּיי דוּר פְּלְיַאהֶע פַר אַזַא גְרוֹסוּ מְצָאעִיע
גֵיי הֶער וְוי עֶר זוּדוּלְט דוּךְ אוּנ זַיינוּ ספרים
וְוי עֶר שְׁטֶעלְט דוּךְ דָארְט פָּאר מוּט שֶׁעגֶדלוּכוּ שקרים
וְויפוּל גוּבֶּרֶעגְטוּ לֵיידוּן דֶר הָט גוּטוּן דֶם רוּנְדַאר
מַאקוּ גֶעבּוּן אַקְעַרְבּוּל אוּנ אוּם רַייסוּן דוּ פֵּיאוֹת דֶר פַר
נָאר דוּ זָאגְסְט אָבּוּר דָאבְזְשֶׁע ספּאסָבִּים מַאקִים
בַּיי אוּם בְּלַייבְּט אַפֵּייאָה בַּיי מוּר ממתקים

דֶר פַר הָט מֶען דוּר דוּ שֵׁיינוּ פַאמוּלְיֶע צוּ גְקְלֶעבְּט
פַאקְטָאר. אַזוּ שֵׁיין. הָאסְט זוּךְ גוּט דֶר לֶעבְּט
פַאקְטָאר אוּנ גוּי קדוש אוּךְ פְרֶעג דוּךְ אַלֵיין
דוּ פַאמִילְיֶע צוּ דֶעם נָאמוּן פַאסְט עֶפּוּס שֵׁיין
דָם אוּז וַוייל דֶר גְרָאשוּן אוּז בַּיי דוּר אַזַא גְוַאלְד
מֶהְיֵכִי תֵּיתֵי פֶּערְדוּנוּן וֶוער וָואלְט נוּשְׁט גְוָאלְט
נָאר בַּיי דוּר וְוי זָגְט מֶען אוּז מוּט דֶר זוּנְד אוּפְדֶר הַאלְבּ
אוּנ יִשְׂרָאֵלִיק נָאךְ הַיינְט דוּנְסְטוּ צוּם גוּלְדוּנוּם קַאלְבּ

אָ דוּ אַלוּ נַארוּשֶׁע זַאכוּן וַוארְף שוּן אַוֶועק
יִשְׂרָאֵלִיק בּוּסְט זוּךְ נוּשְׁט אַנַאר לָאז דָם נֶעמוּן אַוֶועק
לָאז נֶעמוּן אַוֶועק שנאה חסידים אוּנ דַייטְשֶׁען

וואס טוג זוך זידלען. וואס טוג זוך דם פאטשון
דער אוז יוד דר אוז יוד מור זענון אלו יודון
לאמור צווישון זוך בעסור לעבון צו פרודון
פר דר קארצור-קפאטע אט נא דור אגראשן
אבו דם פונטעלע יוד אוז אום נושט פר לאשען

אט זעהסטו דעם פראנצוז אט דעם גלות
וואס, ער אוז כל בו ווי דו מיינסט ער לייגונט אונ משיח
אונ אוז עובר נאך [illegible]יין אוף אלו ראוין אונ דער תורה
אונ פרומו יודון ווי דו קלערסט אוז ביי אום קיין סחורה
זאלסט זעהן אז מוזאטשעפוט זיין אמונה זיין יודון
ווי עס הייבט אן אום זיין בלוט צו זודען
ווארון דם פונטעלו יוד ברענט אונ אום ווי פייעור
זיין גאט זיין תורה אוז ביי אום בשטענדוג טייעור

יא יודון דארפון זוך נוט קרוגון נוט האבון זוך פיינד
מור זענון פארט קונדור פון איין לאנד
לאמור בעסור זעהן פר מענשון זוך ארוים שטעלון
לאמור זעהן אונזרון גנעדוגען קייסער גופאלון
לאמור זעהן נוט צו פר שלאפון דו בעסטו צייט
אונ לאמור ווייזון אזשוד אוז נאך עפום אלייט

ענדע



# דיא האלאוועשקי

(גלאונע)

תניא אמר רבי יוסי פעם אחת הייתי מהלך בדרך וכו׳ ונכנסתי לחורבה אחת מחרבות ירושלים להתפלל וכו׳ אמרתי לו שמעתי בת קול שמנהמת כיונה ואומרת אוי שהחרבתי את ביתי ושרפתי את ביתי והגלתי את בני וכו׳ (ברכות א׳ ד׳)

א

אור שווארצו שאל הט אובור גוצוגון
דוא פונסטערו נאכט שוין אובור דר וועלט
נאר דער הומול הט אסאך אוגון
אראפ גוקוקט פון זיין גוצעלט
ער הט אראפ גוקוקט גלייך ווי עס טוט אום באנקן
אוף ירושלים ווי זו לוגט פר ברענט
פערוויסט הט זו דער פיינד נוט לאנג
גוטייט דו מענשון גובראכון דו וואנד

ב

פוסט שטיין דו גאסון אונ שווייגון שטור
קיין שארך פון אמענשן הערט מען נוט
הרוגים לוגון פר שפרייט אומודום
אונ געבון זיי פלוסון טייכון פון בלוט
גאר זעלטון הערט מען אבוטורען חראב

פון אֵיינוּם וָוּם גֵייט דָארְט פַר הוּנְגוּר אוּים
אוּנ מוּל מְרוּנְקוּן עֶר בֶּעט שוּין וַואסוּר אַקַאפ
אוּנ פַאלְט טוּט צוּרוּק אוּפוּן חבר'ם שוּים

ג

דָארְט לוּגְט אַוַייבּוּל דֶעם בּוּיךְ אוּף גְשְׁנוּטוּן
מְעוּבֶּרֶת אוּז זוּ גְוֶועןְ גְרָאד אַצוּנְד
אוּנ פוּן אוּר צוּ שְׁנוּטֶעְנוּם בּוּיךְ אוּנ מוּטעןְ
קוּקְט אַרוּם דָם טוּטוּ פוּצְעלוּ קוּנְד
דָא לוּגְט אַמוּטֶער נָאךְ גָאר אַשֵׁיינוּ
פַר שְׁלֶעפְּט פַר וַואלְגוּרְט צְווִישוּן דֶם מוּסְט
אוּנ אוּר צְעְרְטֶרֶעטוּנוּ קוּנְד דָם קְלֵיינוּ
לוּגְט נָאךְ צוּ גוּטוּלוּט  צוּ אוּר בְּרוּכְט

ד

דָארְט לוּגְט אכלה אוּנ אוּר חוּפָּה קְלֵייד
צוּהַרְגוּת דָאם פָּנים אוּנ קָאפ אַלָאךְ
אוּנ דָא לוּגְט אוּר חתן גֶעבּוּן אוּר גוּטֵייט
קוּקְט אַייךְ צוּ אוּי עֶר זְשוּפֶּעט נָאךְ
דָא לוּגוּן בֵּיינְדֶעלוּךְ הֶענְטְלוּךְ פוּנְגוּר
דָאם אוּז אַבֶּן יחיד בַּיי אַמוּטוּר גְוֶועןְ
זוּ הָט אוּם עֶר'ְיט אוּף גוּגֶעסוּן פַר הוּנְגוּר
אוּנ אוּז שְׁפֶּעטוּר אוּךְ דֶער גַאנְגוּן אַלֵיין



ה

צוּ שְׁמָאלְצוּן לוּגוּן דוּא גָאלְדֶענוּ מַאצוּן
צוּ לָאמוּט צוּ בְּרָאכוּן דוּ טֵייעוּרוּ שְׁטֵיינוּר
פַר וִויסְט פַר שַׂרְפִיט אַלוּ פְּרַאצֶען
נָאר וִוי אַלֶעכְטוּ־ל צַאנְקְט נָאךְ אֵיינוּר
דָם אוּז דָם ביהמ"ק בְּרֶענְט בּוּז אוּנ גְרוּנְד
דָם אוּז דָם קדשים דָם הֵיילוּגוּ אוּרְט
נָאךְ אֵיין וַואנְד אוּז גְבְּלוּבֶּן דָארְט שְׁטֵיין אַצוּנְד
אוּנ אֵיין הָאלָאוֶועשְׁקוּ רֵייכֶערְט זוּךְ דָארְט
אוּי אַדָאם אוּז גַוּנְז אוּנ גַאנְצוּן גְבְּלוּבּוּן
פוּן אוּנְזוּר גוּטְס וָוּם מוּר הָאבּוּן גוּהַאט
צִיוֹן פַר בְּרֶענְט. ישראל פַר טְרוּבּוּן
אוּנ דוּ זֶעהְסְט צוּ אוּנ שְׁוַוייגְסְט עֶם גָאט
גוּפְט יוּדוּן אוּנ צוּנְד אָן בַּיי דֶעם פֵייעוּר
דָם לֶעכְטוּל אמוּנה וָוּם בְּרֶענְט אוּנ אַייךְ
אַזוּנְס אַזֵכֶר זָאל זַיין בַּייא אַייךְ טַייעוּר
אוּר זָאלְט זוּ גְדֶענְקוּן אוּף יָארוּן אַסַאךְ

ז

נוּט וַויט פוּן צִיוֹן הֶערְט מֶען אַגוּרוּדֶער
אוּף בֶּערְג אוּנ טָאל זֶעהְט מֶען דָארְט גֵיין
אוּנ גָלוּת טְרַייבְּט מֶען אוּנְזֶער רֶעשְׁט בּוּסוּל בְּרוּדוּר
אוּנ קִיטוּן גְפֶּענְטוּט גְרוּם אוּנ קְלֵיין

זַיי גֵייאוּן אַרוּף אוּף אַבַּארְג אוּנ דֶער הוּךְ
אוּנ כוּקוּן זוּךְ אוּם צוּם הֵיילוּגוּן אוּרְט
וָוס זֶעהֶן זַיי שוּן דָארְט נָאר אַבְּלָאוּן רוּיךְ
אוּנ אֵיין הָאלָאוֶועשְׁקוּ רֵייכוּרְט זוּךְ דָארְט

ח

קֵיין פְּלַאם זֶעהְט מֶען שוּן נוּט פַר דוּ אוּגוּן
נָאר פוּן אַפוּנְק זֶעהְט מֶען אַשַיין
עֶר אוּז גֶעךְ צוּ גוּפְלוּגוּן
אוּנ אוּז זַיי אַלוּ גְלַייךְ אוּנ הַארְץ אַריין
בַּאלְד הָאבּוּן זַיי אַלוּ אֵיין גוּשְרֵיי גוּגֶעבּוּן
מוּר שְוֶוערוּן דָם דוּר אוּנ מוּר וֶועלוּן זַיין מְקַיֵים
גֶעבוּר וֶועלוּן מוּר גֶעסוּ אוּנ לֶעבּוּן
אֵיידוּר אוּנ יְרוּשָלַיִם

ט

נָאךְ אֵיין פוּנְק הָט זוּךְ אוּף גוּהוּבּוּן
אוּנ אוּז אוּנ הוּמוּל אַרַיין מוּט אַמָאל
בַּאלְד הָט מֶען גוּהֶערְט אַקוּל פוּן אוּבוּן
עֶס לֶעבְּט נָאךְ דַיין גָאט זָארְג נוּט ישראל
אפילוּ אוּנ דֶר פְרֶעמְד אוּז נָאךְ גָאט דַיין טַאטוּ
עֶר וֶועט גוּדֶענְקוּן אוּף יָארוּן אַסַאךְ
גֵיין מוּזְטוּ בִּידֶעוֶועןּ אוּנ גָלוּת לעת עתה
עֶס וֶועט מוּר אוּךְ בַּאנְק טוּן פַר פַאלוּן דוּ נַאךְ



י

אוּנ אַטְרֶער אוּז פוּנוּם הוּמוּל אַרָאפ גוּפַאלוּן
אוּנ הָט שְטַארְקוּר צוּ זְשַארוּט דוּ הָאלָאוֶועשְׁקוּ
גֵיים יוּדוּן אוּנ גָלוּת אוּר וֶועט נוּט פַאלוּן
עֶס וֶועט אַייךְ זַיין לֶעכְטוּג אוּיף אַייעוּר שְטֶעשְׁקוּ

ענדע

## על נהרות בבל

א

פוּן גָלוּת בָּבֶל פוּן וִויסְטוּן אוּרְט
וָואס וִוילְט אוּר פוּן דָארְט הֶערוּן
אַז דוּ טַייכוּן וָוס פְלוּסוּן דָארְט
דָם זֶענוּן יוּדוּשוּ טְרֶערוּן

ב

דָארְט אוּנְטֶער דוּ גוּדֶעכְטוּ בֵּיימֶער
זֶענוּן גוּזֶעסוּן לוּים גוּפַאנְגוּן
אוּנ פוּנוּם בית המקדש אַלוּ כְּלֵי זֶמֶר
זֶענוּן אוּיף דוּא צְוַויינוּן גוּהָאנְגוּן

ג

אַדָא לוּפְט צוּ דֶער פַיינְד צוּ זֵייא
צוּ אוּנְזֶערוּ הֵיילוּגוּ בְּרוּדֶער
אוּנ טוּט אוּף זֵייא אַגְרוּס גוּשְרֵייא

